ספורי נפלאות מהגאון הצדיק

# של"ה הקדוש

אַיין וואונְדֶערְלִיכֶע מַעֲשֶׂה וָואס הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין מִיט דֶעם של"ה הקדוש אונ מִיט זַיין שׁוֹחֵט אִין דֶער צַייט וָוען עֶר אִיז גִיפָארִין קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל:

אוֹיךְ שְׁטֵייט דָא אַוואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשֶׂה פוּן דֶעם

## אור החיים הקדוש זצלל"ה

וגם נוסף לזה

אַיין וואונְדֶערְלִיכֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן וִוינֶער גָאוֹן

רשכבה"ג רבינו שמשון זלה"ה

בהוצאות בית מסחר הספרים של ר' יצחק פונק בווילנא.

## ווילנא

СИПУРЕ НИФЛООСЪ.

Три Разсказъ. Съ Варшавскаго изданія

ВИЛЬНА.

# ספורי נפלאות מהשל"ה הקדוש

אז דער של"ה הקדוש איז קיין ארץ ישראל געפארין האט ער זיך זיין גאנץ פארמעגין אויס געביטען אויף רענדלאך אונ האט זיך אין זיין געלעגענהייט געלאזט מאכין אז דער דייקסיל זאל זיין אויס געהילט אונ האט די רענדלאך אריין געשאטין אונ ער האט גוט פאר שלאגין ווארום ער האט מורא געהאט פאר גזלנים זאלין אים נישט איבער פאלין אויף דעם וועג אונ וועלין ביי אים זיין גאנץ פארמעגין אוועק נעמין וועט ער נישט האבין מיט וואס קיין ארץ ישראל צו פארין • אונ ווי זאלין אויף דעם שכל פאלין צו זוכין געלט אין דייקסיל האט ער קיין מורא נישט געהאט אונ האט זיך זיין שוחט אויך מיט גענומען • אויף דעם וועג אז דער של"ה האט געוואלט עסין פלייש שבת אדער יום טוב אדער אפילו אין דער וואכין האט ער זיך געקויפט איין עוף אונ דער שוחט האט געקוילעט • זיינען זייא אזוי געפארין אוועט פון שטאט צוא שטאט אונ אויף הוצאות האבין אים דיא נגידים פון איטליכער שטאט געגעבין ווארום זיין שם האט געקלונגען אויף דער גאנצער וועלט • וויא זייא זיינען אזוי געפארין אין די היצין האט זיך דער דייקסיל געשפאלטין פון היצין אונ זייא האבין אויף דעם נישט אכטונג געגעבין • אונ דיא רענדלאך האבין זיך איינצעל ווייס געשאטין ביז עס איז נישט געבליבין אפילו איין רענדיל •

וויא זיי זיינען געקומין קיין קאנסטאנטינאפיל וואס פון דארטין פארט מען שיף אויף דעם ים • האט דער של"ה געבעטין איין יוד ער זאל אים זעהין אסור אויף זיין פערד מיט דעם געלעגענהייט • אונ האט דער ווייל זיך אן געהייבין צו פרובין ביא דעם דייקסיל ביז ער האט דער זעהען אז עס איז נישטא אפילו איין רענדיל • האט זיך דער של"ה אן געהויבין צוא ברעכין זיינע הענד אונ צו שרייען וואס וועל איך היינט מאן • וויא אזוי וועל איך קענען קיין ארץ ישראל קומען • אונ איז אריין געלאפין אין שטוב אונ האט דעם שוחט אוועק געיאגט פון אנייט אונ וואס אים ברודער לעבין גיב מיר אפ מיינע רענדליך וואס דוא האסט ארויס גענומען אויס דעם דייקסיל ווארום אז נישט ווייס איך נישט וואס איך וועל טאן • האט זיך דער שוחט אויס געשטעלט אויף דעם של"ת אונ האט זיך אן געהויבין צו שווערין אז ער ווייס נישט וואס צו זאגין אונ דער אמת איז אז געוועזין האט דער שוחט האט נישט גיוואוסט פון דיא רענדלאך • אונ דער של"ת האט גירעט מיט דעם שוחט דא מיט גוטין אונ דא מיט בייזין

און דער שוחט שווערט זיך אפ דיא גיביין וויא דער אמת איז · מענשין האבין אים אן גיהויבין צו זאגין אז ער זאל גיין אין מאגיסטראט און זאל דעם שוחט לאזין ארויין זעצין · דער של"ה האט דאס אבער ניט גיהערט · נאר נגד דעם רצון פון של"ה איז דער איגטערעס אן גיקומען צוא דיא שופטים און מען האט אים גיפאסקינט מיתה ׃ וויא דער משפט פון אגנב וואר אין יענע צייטין דער של"ה אבער האט גרויס רחמנות גיהאט און האט זיך זייער פיל משתדל גיוועזן אז מען זאל אים ניט דן זיין · נור דיא שופטים האבין גיזאגט אז פטור בלא כלום איז ניט מיגליך · מיא מוז אים לכל הפחות איין אבר אפ שניידין · וויא דר של"ה האט גיזעהן אז עס איז ניט מיגליך דאס איבער צו מאכין האט ער זיך גישטארעט אז מיא זאל לכל הפחות דעם שוחט געבין די ברירה וואסער גליד ער וועט זיך אוים קלייבין · און ער האט זיך אויס גיקליבין דעם לינקין אויער האט מען אים אפ גישניטין דעם לעפיל פון לינקין אויער · וויא דער שוחט האט גיזעהען אז עס איז גאנץ שלעכט מיט אים · און דעם אויער האט מען אים אויך אפ גישניטין און ווער ווייס וואס עס וועט זיך ווייטער טאן · האט ער זיך שטילער הייט ארוים גישארט און איז אוועק אין דיא נאכט אריין ׃

קמאסבול איז זייער אגרויסע שטאט אין ער זיך אוועק גינאנגין צוא אשוחט אויף עטליכע טאג · דער נאך האט דער שוחט אקיק גיטאן אז עס איז קיין תכלית ניט אזו צוא זיצין אלעבעדיגער מענטש דארף פיל האבין האט ער זיך אן גיהויבין אביסיל ארוים צוא ווייזין אויפין גאס · און האט זיך אזו אומגידרייט עטליכע טעג און דער של"ה הקדוש איז אוועק קיין ארץ ישראל בערום ובחוסר נאר פון סמאסבל האט ער צו גשריבין בריף צו זיינע תלמידים און צו זיינע גוטע פריינד פון זיין אומגליק וואס האט אים גיטראפין זיי זאלין זעהן אים צו העלפין ער זאל האבין מיט וואס זיך צוא ערהאלטין אין ארץ ישראל ·

אמאל איז דר שוחט פר ביי גינאנגין ביי אגרויסער שנים האנדלונג אין סמאסבל און האט זיך גישטעלט ביי דר טיר און האט אריין גיקוקט אין גיוועלב און האט זיך גיוואונדערט ער האט נאך קיינמאל אין זיין לעבין אזו אהאנדלונג ניט גיזעהן · דערווייל האט זיך די קרעמרין גירעכינט מיט א אוים לענדישין סוחר וואס האט ביי איר גיהאנדעלט פר עטליכע טויזנד טאלער סחורה וויא זיי רעכענן זיך האט זיא וויינינגער גירעכנט צווייא טויזנד טאלער · דאס קאן איך ניט ווייסין צו דער סוחר האט גיוואוסט פון דעם טעות און האט זיך ניט ווייסינדיג גימאכט צו גיין · נייט דר שוחט צריין אין גיוועלב און זאגט איך בעם אייך איבער איר

וואלט אויף מיר גיט ברוגז זיין אין אייער חשבון איז אמעות אין צוויא
מויזנד טאלער. האבין זיא באלד איבער גירעכינט נאך אמאל האבין
זיא גיזעהן ער האט רעכט. וויא דר סוחר איז אוועק גיגאנגן פרעגט די
קרעטמערין דעם שוחט פון וואנען זייט איר אונ וואס טוט איר דא האט
ער איר דרציילט אז ער איז פון נוויט. אונ ער איז גיפארין מיט ארב
קיין ארץ ישראל אונ דער רב האט דאס געלד אין וועג פארלארין קאן
ער אים שוין ניט מיט נעמען איבער דעם דרייא איך מיך ארום דא אין
שטאט ביז וואנען איך האב גיהאט עטליכע טאלער איז מיר גוט גיוועזין
איצונד אבער לאזט זיך שוין אויס מיין קאסע ווייס איך ניט וואס איך
וועל טאן. זאגט זיא אויב איר ווילט פר בלייבט ביא מיר אויף אפאר
טעג וועל איך זעהן אז איר וועט זיין נוציג צוא מיין גישעפט וועלין
מיר זיך אויס גלייכין אויף איאר וועגן ניט וועל איך אייך גוט באלוינען
פאר די פאר טעג אונ עסין וועל איך אייך דורך דיא צייט אויך געבין.
האט זיך דער שוחט באקלערט וואס וועט ער דר לייגין צו דעם גישעפט
גוט וועט זיין ער וועט האבין אלוסטיגע מינוט אונ איז גיבליבן ביא
איר אין האנדלונג אונ האט זייער גיפיליוועט זיין גישעפט אונ האט
פאקע זייער גיטויגט גלייך ער וואלט גיוועזן אגיבארענר שנייט הענדלר.
וויא די קרעטמערין האט גיזעהן זיין גישיימקייט אונ זיא איז גיוועזן איין
אלמנה טען האט איר גרויסע שידוכים גירעט מיט פיל געלד האט זיא זיך
מיישב גיוועזן וואס טויג מיר צו נעמען אמאן מיט געלד ער זאל מיר מיין
קאפ אפ דרייען. עס איז מיר ליבער צוא נעמען דעם שוחט ער וועט
מיר זיין גיטריא ובפרט ער טויג צום גישעפט. אונ זיא האט אים אליין
אן גישלאגין דעם שידוך. צום ערסטין האט ער גימיינט אז זיא טרייבט
קאטאוועס מיט אים דערנאך האט ער גיזעהן זיא אז מיינט דס באמת.
זייא האבין אין אגוטע שעה תתונה גיהאט זייא האבין זיך גילעבט צוא
פרידען אין דער גרעסטער ארדנונג. אונ איז גיווארין אבעל צדקה אונ
אמכניס אורח. אונ האטשע דער סדר פון דיא ווייבער וואס זיינען ניט
צו פרידין פון אזעלכע גישעפטין אזו וויא דיא קרעטמערין וואס דר גאנצר
פרמעגין איז גיוועזן אירעס אונ ער איז צוא גישטאנגען צו איר ארים אונ
נאקעט. נאר ווייל זיא האט אים ליב גיהאט האט זיא אים קיין דעה ניט
גיזאגט נאר וואס ער האט גיטאן איז גיוועזן גיטאן. אונ זיינע חלפים
האט ער אויך תמיד איבער גיפוצט אונ האט זייא תמיד גיהאלטין אונ
האט זיך אלם באדיינקט וויא אזו ער איז נעבאך אמאל גיוועזן איין
ארעמער שוחט אונ היינט איז ער אזוי דערהויבין גיווארין. אונ די זאך
האט זיך גיטראפן: אצייט פון היפשע עטליכע יאר.

אין אציים ארום איז דער גורל גיפאלין אז דער של"ה הקדוש זאל ארוים פארין אויף דר וועלט פון דעם כולל ווענין געלד צו סאבין · וויא ער איז שוין גיפארין צוריק אהיים איז אוים גיקומן נאהענט צוא פסח אז ער זאל דארפין אויף דער שיף פסח האלטין איז ער אין סטאמבול פארבליבען אויף פסח · צווייא טעג פאר פסח פרעגט דער של"ה איינגין פאן אין קלויז ביי וועמען ער קען דא פסח האלטין · אז דר בעל הבית זאל זיין איין ערליכער אונ זאל האבין שמורה מצות · ווייזט אים דער יונגער מיין אין מזרח וואנט שטייט אגרויסער עושר אונ איין למדן אונ איין ערליכער יוד גייט צו אים צו אונ זאגט אז איר ווילט זיין אורח זיין וועט ער אייך אן נעמען מיט דעם גאנצין הארצין ווארום ער איז איין סכנים אורח אונ איין בעל צדקה אונ דאס איז גיוועזן דער שוחט · וויא דער של"ה איז צוא גיגאנגען האט אים דער שוחט דרקענט אונ דער של"ה האט דעם שוחט ניט דערקענט ווייל ער איז גיגאנגען ביי ער שיין אנגיטאן אזו וויא אגביר · האט אים דער שוחט גיגעבין שלום אונ פרעגט אים פון וואנען זייט איר · זאגט דער של"ה איך בין פון ארץ ישראל פרעגט אים דער שוחט נוא וואס פארלאנגט איר זאגט דער של"ה איך וואלט גיבעטין אפשר וואלט איך ביי אייך גיקאנט עסין פסח ווייל איך בין פון מיין יוגענד אן גיזהר צו עסין מצה שמורה אונ איר מוזט בודאי אויך עסין מצה שמורה איבער דעם בעט איך אייך איר זאלט מיך נעמען אויף פסח · זאגט דער שוחט לאז זיין אזו נאר באופן איר זאלט ביי מיר זיין אלע אכט טאג פון פסח · דר של"ה האט באלד גינומען דעם פעקיל אונ האט זיך אן גיפרעגט צום גביר דאס איז דער שוחט · אונ דער גביר האט אים זייער מקרב גיוועזן · בקיצור די צווייא טעג זיינען דורך גילאפין אונ דער של"ה האט הנאה גיהאט וואס ער האט גיטראפין צו איין ערליכען יודין · ווארום ער האט איין גיזעהן זיין ערליכקייט מיט דעם כשרין אונ מיט דיא מצות באקין אונ מיט בדיקת חמץ איז אים אלדינג זייער גיפעלין אונ האט גרוים תענוג גיהאט · וויא עס איז גיקומען די ערשטע נאכט פון פסח זיינען זייא גיגאנגען דאווענען · נאך דעם דאווענען זיינען זיי אהיים גיגאנגען מיט גרוים שמחה אונ דר שוחט האט באמת גרוים שמחה אונ תענוג גיהאט וואס גאט האט אים צו גישיקט אליבין גאסט אויף יום טוב האט דר שוחט באלד גיהייסין בעטין צווייא בעטין איינעם פון זיינט וועגין אונ איינעם לכבוד דעם גאסט אונ האט גיהייסין שטעלין אטיש לעבין זיך אונ אטיש עקסטרע פון וועגין דעם גאסט אונ מען האט ביידע טישען מיט זילבער גידעקט אונ האבין אן גיהויבין אפ צו ריכטען דעם סדר

מיט גרויס יראה ושמחה · וויא זייא האבין גיענדיגט דעם סדר האבין זייא גיגעסין לכבוד יום טוב אונ איינער פון דעם אנדערין דאס מקבל תענית גיוועזין אונ איטליכער אויף איין אנדער אופן · דער של"ה האט זיך גיפרייט וואס ער האט גיטראפין אויף פסח צו אזוי אנשרין יודי · אונ דער שוחט האט זיך גיפרייט וואס גאט ב"ה האט אים צו גישיקט אזוי אליבין גאסט · וויא זייא האבין גיענדיגט דעם סדר אונ דיא בני בית האבין שוין גישלאפין האט דער שוחט זיך גיזעצט מיט אים אשמועס וויא דיא התנהגות פון ארץ ישראל איז אונ האבין דברי תורה אויך גירעט דערנאך זאגט דר שוחט צום של"ה סיין ליבער גאסט עס איז שוין צייט צו שלאפין עס איז שוין נאך האלבע נאכט קומט מיט מיר וועל איך אייך טייטין וואו איר וועט שלאפין אונ האט אים אזוי דורך גיפירט עטליכע חדרים ביז אין ניין צימער אריין אונ האט פרשלאסין די טירין פון אלע זייטין אונ זאגט אים · רבי זאגט ווידוי ווארום איך וועל אייך באלד קילין · איך בין דער שוחט וואס איך בין מיט אייך פון דערהיים גיפארין קיין ארץ ישראל אונ איר האט די רענדלאך פון דעם רייקשיל פרלארין אונ האט גיזאגט אז איך האב זיי גיגנבעט אונ דורך אייך האט מען מיר סיין אויער אפ גישניטען אונ אז איר ווילט מיר ניט גלויבין באקוקט מיר סיין אויער אונ דאס בארף איז ניט זיין דורך איין ערליכין יודין אזו וויא איר זאל אזא זאך ארויס קומען אונ ווער ווייס נאך אזוי וויא איך אז איך בין אין דער זאך גאר ניט שולדיג גיוועזין · והראיה גאט ב"ה האט מיר מאקע פר מיין אמת גיהאלפין איך בין אגביר אין מסתביל · האט זיך דער של"ה ביי אים אן גיהויבין צו בעטין זאגט דר שוחט אז איר וועט מיט מיר פיל רעדין וועל איך אייך אן ווידוי קילין · נאר ווייל איך האב אויף אייך רחמנות וויל איך ניט איר זאלט אן ווידוי שטארבין · דבן זאגט גישווינד ווידוי ווארום די נאכט איז קורץ · האט דר של"ה הקדוש זיך גישטעלט אין אווינקעלע מיט אצובראכין הארץ אונ האט נעבאך ווידוי גיזאגט וויא ער האט גיענדיגט ווידוי האט אים דר שוחט גיבונדין אונ האט ארויס גינומען דעם חלף פון טאש אונ האט אן גיהויבין צו שטעלין פר זיינע אויגין דערנאך איז ער צו גיגאנגען אונ האט אדרייא גיטאן דעם חלף אונ איז מיט אים גיפארין אויף זיין האלז אונ האט גיזאגט (מר עונך ותטאתך תכופר) דאס איז פייטש מיט דעם איז דיין זינד אפ גיטאן אונ דיין פעלער איז פאר געבין · אונ דר שוחט האט אים באלד אויף גיבונדין אונ האט אים איבער גיבעטין אונ האט אים אזוי גיזאגט ווען יודך אייך האט מען מיר דעם אויער אפ גישניטין האב איך זיבער

גיוואוסט אז איך בין ניט שולדיג · האב איך תמיד גיקלערט ווען מאן
זיין רבי האבין אתיקון אויף דער · ביז הש"י האט אייך סומין גיוועז
צו מיר האב איך אייך גינעבין מיט שרעק פארהאפ איך אז די זיגר
איז אייך בנדאי פאר געבין ובפרט איך בין אייך מוחל נאר באופן זה אז
איר זאלט מיר מוחל זיין אויף די איצטיגע מעשה אונ דערנאך האבין
זייא אפ גיפירט אלוסטיגען יום טוב · נאך יום טוב וויא דער של"ה איז
אוועק גיפארין האט אים זיין שוחט מיט גיגעבין פיל געלד אונ האבין
זיך פון דעמאלסט אן גישריבען בריף איינער דעם אנדערין · אונ דיא
וועלט זאגט אז דורך דעם האט דר של"ה הקדוש גישטעלט דיא ווידוי
לעבין די דינים פון פסח אין זיין ספר (שני לוחות הברית) וואס ער האט
מחבר גיוועזן אז ער אונ זיינע קינדער אונ קונדים קינדער זאלין זיך תמיד
דערמאנען אן דער ישועה פון הש"ת וויא אזו ער פירט זיין וועלט יהי
רצון אז דיא גאולה שלמה זאל אויף אונז קומען אמן :

דיא מעשה האב איך גיהערט פון אנשים נאמנים וואס זיי האבין דאס
דערציילט איבער דעם זאלט איר ניט לאכין אוים דעם וואס איך
דערציל אייך ווארום דר צדיק האט גיזעהן אז עס איז אויף דעם מענשן
נגזר גיווארין מיתה איבער דעם האט דער צדיק אים איבער גישראקין
כדי ער זאל אפ נעמען זיין עונש מיט פחד אונ ער זאל בלייבין לעבין ·
זכות הצדיקים יגן עלינו ועל כל ישראל אמן סלה :

## ספורי נפלאות מאור החיים הקדוש ·

אין דער מדינה וואו דער אור החיים הקדוש האט גיוואונט האט זיך
דער קיסר פון דיא מדינה אמאל מיישב גיוועזן אונ האט פאר זיך
גיהייסין ברייננען די מעטריקע אונ דיא קאנסקריפציע פון זיין גאנצע
מדינה · אונ גיזוכט ער זאל זעהן ווער עס איז מיט אים אין איין טאג
גיבארין גיווארין אונ זאל זעהן וואס פר אגישעפט דר מענש האט· האט
ער ניט מער גיטראפין נאר איינעם חיים דער זון פון עטר דאס איז דר
אור החיים הקדוש ער האט גיוואונט אין אקליין שטעטיל ווייט פון דעם
קיסר האט זיך דער קיסר אנגיטאן אין צווילנע קליידער אונ איז גיפארין
ביז אין דר שטעטיל אריין ׃ וויא ער איז גיקומען אין די שטעטיל אריין
האט ער זיך אן גיהויבין צו פרעגין וואו וואונט דא איינער חיים דער זון
פון עטר האט מען אים גיוויזין דאס ער זיצט אין אהינטער גאס אין
איין צובראכענע שטיביל וויא דר קיסר איז אריין גיקומען האט ער אים
ניט גיטראפין אין דר היים האט ער זיין נייב גיפרעגט וואו איז דיין
מאן האט זיא גיזאגט וואס דארפט איר מיין מאן ער איז בית המדרש

וואָגט דר קיסר ווידער צו איר וואָס קאָלט גיוועזן דא ווא וואָלסט שיקען
ריין מאן אהיים רופין וואָרום איך דאַרף אים זייער גינייטיג האָבין זאָגט
ווא חלילה ער וועט ניט גיין פון דעם בית המדרש אַפילו דער קיסר
אַליין זאָל נאָך אים קומען וואָרום ער זיצט דאָרטין דעם גאַנצין טאָג
אונ לערינט אונ זאָגט תהלים האָט זיך דער קיסר אויף גיהויבין אונ איז
צוא אים גיגאַנגען אין בית המדרש אַריין • ווייא ער איז גיקומען אין
בית המדרש האָט ער דעם אור החיים ניט גיטראָפין וואָרום ער איז
אַרויס גיגאַנגען תיא דער קיסר איז אַריין גיקומען האָט ער גיפרעגט
דיא מענטשין וואָס זיינען גיוועזין אין בית המדרש וועלכע צווישין
אייך הייסט חיים דר זון פון עטר זאגין ? ער איז ניטא ער וועט באַלד
אַריין קומען האָט זיך דר קיסר דערוויול אַנידער גיזעצט • ווייא דער
אור החיים הקדוש איז אַריין גיקומען אונ האָט גיזאָגט די ברכה פון אשר
יצר וואָרט בייא וואָרט ביי דעם כיור • אונ איז צו גיגאַנגען צום טיש
ער זאָל זיך זעצין • האָט ער דערזעהן דעם קיסר אונ דער קיסר האָט שוין
פון אים אויך ניט אַראָפ גילאָזין אַאויג האָט ער גיזעהן דעם אור החיים
עס איז גיוואָרין פאַרב אין זיין פנים אונ זאָגט מיט גרוים יראה (ברוך
שחלק מכבודו לבשר ודם) גילויבט איז דר אויבערשטער גאָט וואָס האָט
מיר צו גיטיילט די ברכה אויך • איך האָב שוין כמעט אַלע ברכות פון
דר וועלט גימאַכט נאָר די איין ברכה נאָך ניט ביז היינטיגן טאָג • זאָגט
דר קיסר צו אים אז דו האָסט יוא דערקאַנט אין מיר וואָס איך בין •
פאַרלאַנג איך פון דיר זאָלסט מיר צו ליב טאָן אונ זאָלסט מיט מיר
גיין צו דיר אהיים נוייל איך דאַרף עפעס מיט דיר רעדין זאָגט דר אור
החיים איך וועל דיר צו ליב טאָן אונ זיינען גיגאַנגען ביידע ווייא זיי זיינען
אַריין גיקומען זאָגט צוא אים דר קיסר הער נאָר מיין ליבר פריינד איך
האָב נאָך גיזוכט אין די מעטריקעס ווער עס איז מיט מיר גיבאָרין גיוואָרין
אין איין טאָג האָב איך אין מיין גאַנצין לאַנד ניט גיטראָפין נאָר דיר
בין איך צו דיר גיפאָרן איך זאָל דיר בעטראַכטין וואָס פר איין מענטש
דוא בינסט • אצונד האָב איך דיך צו פרעגין צוויי שאלות וויא אזו
האָסטו אין מיר דערקאַנט אין אז איך בין דר קיסר צווייטע אז דוא
בינסט מיט מיר אין איין טאָג אין איין מזל גיבאָרין גיוואָרין פר וואָס
בין איך איין קיסר אונ האָב פיל גאָלד אונ זילבער אונ דו בינסט אזו איין
אָרומאַן זאָגט דר אור החיים הקדוש דאָס וואָס דוא פרעגסט מיך וויא
אזו איך האָב דר קענט דאָס דוא בינסט דער קיסר איך קאָן דיר נאָך
פון דר צייט וואָס מיר זיינען באַשפין גיוואָרין וואָרום מיר זיינען ניט נאָר
אין איין טאָג גיבאָרין נאָר אונזערע מוטערס זיינען אין איין נאַכט טראָגין

גוואָרין

געווארין האב איך נאך דעמאלס געזעהן וויא די שיפֿה פֿון דיין פֿאטער איז געבראכט געווארין · אונ דאס וואס דוא פֿרעגסט מיך פֿר וואס איך בין אזו ארום אונ דו געפֿינסט אין קיסר זאלסטו וויסין איך בין אויך רייך מיט דר תורה אזו וויא אונזערע חכמים שרייבין · אונ די תורה וואס גאט ברוך הוא האט מיר מיט איר גילייזעליגט איז ביי מיר פֿיל מער ווערט וויא דאס גאלד אונ זילבער וואס דוא פֿאר מאנסט :

דר נאך זאגט דר אור החיים אז איך האב יוא אזו איין ליבין גאסט אונ האב דיא זכיה דאס דו זאלסט זיין ביי מיר אין מיין צובראכינע שטיבעל וואלט איך דיר גערין מיט עפעס טראקטירן · זאגט דר קייסר איך דאנק דיר מיין ליבר פֿריינד מיט וואס קאנסטו מיך טראקטירין זאגט דר אור החיים איך וועל דיר מיט אוואונדערליכע זאך טראקטירין אונ זאגט צום קיסר גיב מיר נאר עטליכע קרייצר וועל איך שיקין קופֿין איין שפינעלע וועל איך דיר עפעס נייזין האט דר אור החיים געשיקט קויפֿין א שפינעלע · וויא מען האט דאס שפינעלע געבראכט זאגט דר אור החיים צום קיסר קוק נאר אין דעם שפינעלע אריין אונ זאג מיר וואס דו זעהסט אין אים האט דר קיסר גיזאגט איך זעה אין דעם שפינעלע אלע פֿיר טיילין וועלט זאגט דער אור החיים צו טייל אין דיין מחשבה די פֿיר טיילין וועלט אונ האב אין זינען אז דו ווילסט נאר זעהן דאס טייל וואס דיין מלוכה איז האט דר קיסר אזו גיטאן זאגט דר אוה"ח וואס זעהסטו אצונד זאגט דער קיסר איך זעה דאס טייל פֿון דיא פֿיר טיילין וועלט וואס מיין מלוכה איז אין אים זאגט דר אור חיים צו טייל ווידר דאס טייל וואס דו זעהסט אויף פֿיר טייל מיט דיין מחשבה אונ האב אין זינען צו זאלסט נאר זעהן דאס טייל וואס די מדינות פֿון דיין מלוכה זיינן אין דעם טייל האט דר קיסר אזו גיטאן · דער נאך זאגט דר אור החיים צו טייל דאס טייל ווידר מיט דיין מחשבה אונ האב אין זינן אז זאלסט נאר זעהן דאס לאנד וואס דוא זיצט דרינען האט ער אזו גיטאן דר נאך זאגט דר אור החיים צו טייל ווידר דאס וואס דו זעהסט אין שפינעל אויף פֿיר טייל אונ האב אין זינען אז זאלסט נאר זעהן דאס טייל וואס דיין רעזידענץ שטאט איז האט דער קיסר אזו גיטאן זאגט ווידער דר אור חיים צו טייל ווידער די רעזידענץ שטאט אויף פֿיר טייל אונ זאלסט נאר אין זינען האבין דאס פֿערטיל וואס דיין באָרג איז דערביין האט ער אזו גיטאן דר נאך זאגט ווידער דר אור החיים צוא טייל ווידער דעם באָרג אויף פֿיר טייל אונ האב אין זינען נאר דיין פאלאץ וואס דו באוואונסט האט ער אזו גיטאן דער נאך זאגט ווידר דער אור החיים צו טייל דיין פאלאץ אויף פֿיר טייל זאלסט נאר זעהן דיין שלאף

צימער

צימער האט ער אזו גיטאן פרעגט אים דר אור החיים הקדוש וואס
זעכטו זאגט דר קיסר איך זעה קיין שלאף צימער איז צו גימאכט זאגט
דר אור החיים שטרעק אויס דיין האנט אונ מאך אויף די טיר האט דר
קיסר אויס גישטרעקט די האנד צום שפיגיל האט ער גיזעהן וויא ער
נעמט אן מיט זיין האנד די קלאמקע אונ האט די טיר גיעפינט פרעגט
אים דער אור החיים וואס זעסטו אצונד זאגט ער איך זעה וויא מיין ווייב
זיצט אויף מיין בעט אונ איין גרויסער מיניסטער שטייט לעבין איר :
זאגט דר אור החיים הערסטו וויא זייא שמועסין זאגט דער קיסר גיין
איך הער ניט זאגט דר אור החיים צום קיסר בייג זיך צו וועסטו הערין
וואס זיי שמועסין · האט זיך דר קיסר צו גיבויגין אונ האט גיהערט ווי
דר מיניסטער רעט צו איר זייער אונהעפליכע רייד אונ זיא זאגט וויא קאן
איך דאס טאן איך זאל פעלשין אין מיין מאן אונ דער מיניסטער רעט
איר אלס איין אונ לאזט איר כמעט ניט נאך האט דר קיסר דאס אלס
דעם אור החיים דערציילט · זאגט דר אור החיים אצונד זאלסטו אן
לאדין דיין גיוועהר אונ זאלסט צילין גלייך אין אים · האט דר קיסר אזו
גיטאן אונ האט אים אויס גישאסין טילע אצונד מוזין מיר באקלערין
דער קיסר האט דעם מיניסטער גישאסין ביין אור החיים אין שטוב אונ
דארטין איז דר מיניסטער פלוצלונג אנידער גיפאלין אונ איז גיבליבין
טויט די קייזערין האט ניט גיוואוסט ווער אונ ווען אונ וואס . זיא האט
אים גיפרובט רעטין מיט טראפין אונ מיט דער קוויקונגס אבער דער
מיניסטער האט דאס גאר ניט גיהערט האט זיך דיא קייזערין גישעמט
פאר נאך רייד ובפרט דר קיסר וועט אהיים קומן אונ וועט הערין דאס
דר אונ דר מיניסטער איז גיפאלין אין זיין שלאף צימער האט זיא אריין
גירופין אין קאמער דינער אונ האט אים בשווארין אז ער וועט אייך
סענטשין דאכטין וואס דער מיניסטער איז גיפאלין אין קייזערס שלאף
צימער היינגט אים זיין לעבין אויף איין האר אונ האט דעם קאמר דינער
גיבעטין האט ער דעם מיניסטער גינומען אונ האט אים אריין גיטראגין
אין קעלער אריין אונ האט אים דארטין צווישין די פעסער פאר מאכט
אונ האט אים מיט זאמד צו גישאטין אונ איז זיך גיגאנגען זיין וועג ·
אונ דער קיסר זעהט אונ הערט די אלע גישעפטין דורך דעם שפיגעלע
אונ דער ציילט דאס אלס דעם אור החיים אצונד זאגט דער אור החיים
צום קיסר צו ברעך דאס שפיגעלע אויף קליינע שטיקלאך אונ זאלסט
קיינעם ניט דאכטין פון דעם גאנצין גישעפט יעצט פאר אהיים אונ
זאלסט מאכין אגרויסע סעודה אונ איך וועל אויך קומען אויף דער
סעודה וועלין מיר ביין טיש איבער ריידין דעם גאנצין גישעפט :

[illegible]

לאסיר לאזין דעם קיסר שפיין אונ לאסיר שמועסין פון דעם געשאפטן מיניסטער ווי דאס גאנצע מיניסטעריום האבין גוואר גווארין פון דעם מיניסטער אז זיי טרייסין ניט פון נעבכין אן וואו ער אהין גיקומען איז מען צו לאפין אין אלע גאסין אונ אלע פאר שפעט זוכין אים אפשר וועלין זיי אים עדגעץ טרעפין טויטער הייט · האט מען זיך ארום גיזאגט עטלכי טאג אונ מען האט ניט גיטראפין האט זיך איין מיניסטער אפ גירופין ניט אנדערש אידין האבין אים צהארגת אונ האבין זיין פלייש גינעבין די הינט אויף צו עסין וואר ום ווען ניט וואלטין מיר אים אפשר גיקאנט טויטער הייט גיפינן וויא דר מיניסטער האט דאס גיזאגט איז דאס זיי גיפעלין פר איין אמת אונ האבין גנומן קלערין עפעס איין עצה האבין זיי באלד באקומען צוועלף עדות וואס האבין גיזאגט אז זייא האבין גיהערט אונ גיזעהן וויא די אידין האבין דעם מיניסטער גיהארגת · די אלע צוועליף עדות האבין זיך גיחתמת אויף דעם פראטיקאל אונ דאס מיניסטעריום האבין ארויס גינעבין איין פסק דאס מען זאל אלע אידין פון דער שטאט נעמען אויף איין גרויסין פלאץ אונ מען זאל זיי אלע די אויגין צו בינדין אונ זאלין גיין איינער נאך דעם אנדערין אונ וועלכר איר וועט זיין דער דריטער זאל מען אים הארגענען אונ דאס פאר מעגין זאל מען אוועק נעמען אונ זאל צוא טיילין האלב אין דיא אוצרות פון דעם קיסר אונ די אנדערע העלפט צו די אלמנה אונ צוא די יורשים פון דעם מיניסטער אונ דיא צוויא טייל פון דיא אידין וואס וועלין בלייבין לעבין זאל מען פון זייא אפ ציען דיא קליידר זאלין גיין בלויז נאקעט אונ מען זאל איטליכין אפ שערין איין האלבע בארד מיט איין פאה אונ מען זאל זיי מיט הארטע ריטער ארויס טרייבין פון דער שטאט אונ דאס גאנצע מיניסטעריום האבין גיחתמת דעם אורטייל אונ האבין אים גיהאלטין ביז דער קיסר וועט קומען אהיים ער זאל דעם אורטייל בעשטעטיגען דיא אידין האבין נעבאך גיוואר גיווארין פון דער גזירה האבין זיי גוזר תענית גיווען אונ גיוויינט אונ גישריגן צוא גאט אפשר וועט זיך גאט איבער זיי דער בארימען אונ וועט פאר קערין דאס הארץ פון דעם קיסר צוא גוטין ער זאל דעם אורטייל ניט וועלין חתמענן אונ האבין נעבאך זייער ביטער גישריען אויף זייערע צרות אין די שולין טאג אונ נאכט:

וויא דר קיסר איז אהיים גיקומען זיינען גיקומען דאס גאנצע מיניסטעריום צום גירוסין אזו וויא דער סדר איז אונ האבין דעם קיסר דר צילט וויא די אידין האבין דעם מיניסטער גיהארגת אונ האבין זיין

פלייש

פליט פאר די [illegible] ניווארפין [illegible] [illegible] קיסר [illegible] די דיא האט קענט איד
וויסין אז די אידין האבין אים גיתקנת האבין . די ארוים גינומען דעם
פראטיקאל וואס די צוועליף עדות זיינען דארויף גיוועזין גיחתמת ואנט
דר קיסר אז איר האט איין בעוויז נייט איר שוין גירעכט נוא וואס טוט
מען היינט מיט די אידין · געמען זיי ארוים דעם פסק וואס זיי האבין
גימאכט אונ זאגין אויב עס גיפעלט דיר דער פסק פר לאנגן מיר אז דו
זאלסט אונטער שרייבין · זאגט דער קיסר דער פסק גיפעלט מיר גאנץ
גוט נאר איך האב בדיעה די צייטין צו מאכין אסעודה וועל איך שוין
דערמאלט דעם פסק תחמנן וויא דר קיסר האט זיך אוים גירוט האט ער
גישאפט צו זיינע דינער זאלין אן הויבין די סעודה מכין צו זיין · אונ
האט אויף דער סעודה גיבעטין זיין פאמיליע אונ דאס מיניסטעריום אונ
גראפין אונ פירשטין אונ דיא צוועליף עדות זאלין אויך זיין אויף דער
סעודה אונ האט גישאפט אז מען זאל שטעלין אויבין צוויי שטולין איינע
פאר אים אונ איינע פאר איין אנדערין ׃ בקיצור וויא דר טאג פון דר
סעודה איז שוין גיוועזין זיינען די אידין נעבאך אויף גישטאנען גאנץ
פריא מיט צו ברענגען הערצער אונ האבין זיך פאר זאמילט אין שול
אונ האבין גיוויינט אונ גישריען צו גאט ער זאל זייא העלפין אוים זייער
נוט דר עולם איז צונויף גיקומן אויף דר סעודה האט דר קיסר גיזאגט
מען זאל ניט געבין צו עסין ביז דר נאכט ווען קומען האבין די מענטשין
דר ווייל גישמועסט איינער מיט דעם אנדערין אזוי ווי דר סדר איז · אין
דעם איז אריין גיקומען דר אור החיים הקדוש אקליינער אידיל מיט איין
שטעקין אין האנט אונ זיין קאפטין איז גיוועזין גילאטעט איין לאטע אויף
דר אנדערער אונ די שיך אויך אזוי אונ האט דעם ספאדיק ניט ארא
גינומען וויא דר קיסר האט אים דר זעהן איז ער אים אנטקעגן גילאפן אונ
האט דעם אור החיים גינומען ביי דר האנד אונ האט אים ארויף גיפירט
גאנץ אויבין אן אונ האט אים גיזעצט אויפן שטול לעבין זיך דאס
מיניסטריום האבין זיך אנגיהויבין אן צו קוקין איינער דעם אנדערין·
אונ דר קיסר האט באלד גישאפט מען זאל געבין עסין צום טיש · דער
אור החיים האט ארוים גינומן אוים זיין טארבע אשטיקיל ברויט מיט
זאלץ מיט קנאביל אונ האט גילייגט לעבין זיך אונ האט גיזאגט דעם
קיסר ער זאל אים הייסין דער לאנגען וואסער ער וויל זיך וואשין ·
אלע גראפין אונ פירשטין אונ דאס מיניסטעריום האבין זיך גאר ניט
גיקאנט פאר וואונדערין וואס דאס זאל זיין · דר קיסר האט גישאפט
האט מען באלד גיבראכט איין זילבערנעם בעקין מיט איין שעפער
וואסער מיט איין האנטוך אונ דר אור החיים האט זיך גיוואשין מאקע

בין טיש און האט גימאכט די ברכה על נטילת ידים און המוציא גאנץ הויך • און האט מיט קנאביל פר שמעקט די גאנצע סיילע • נאך דעם עסין האט מען אן גיהויבין צו שמועסין פון פערשידענע גישעפטין אין דר מיניסטעריום און זייערע גידאנקען זיינען גיוועזן ארויס צוא קומען פון דער גזירה פון דעם מיניסטער וואס די יודין האבין אים גיהרגת און האבין באלד פאר גילייגט דעם אורטייל פאר דעם קיסר ער זאל אים מתמגען • נעמט דער קיסר דעם אורטייל און ווייזט דעם אור החיים און ער לייענט דעם אורטייל גלייך וויא עם וואלט גיוועזן איין גיבארענער דייטש אדר איין רוס און וואונדערט זיך זייער איבער דעם אורטייל און זאגט איך קאן דאס ניט גלויבין די יודין זאלין אזו א מעשה טאן האבין זייא דאס אבער יוא גיטאן איז דער אורטייל נאך ווייניג און תאטשע איך בין אויך איין יוד גיב איך אייך גירעכט נאר איך וואלט גערין גיוואוסט וואס פאר איין בעוויז איר האט אויף דער זאך נעמט דאס מיניסטעריום ארויס דעם פראטיקאל און ווייזין אים וויא די צוועלף עדות האבין זייער פראטיקאל באלייגט דער האט דאס גיהערט און דער האט דאס גיזעהען • זאגט דער אור החיים צום קיסר זאלסט דעם אורטייל בעשטעטיגין אבער ערשט אז דיר סעודה וועט זיך ענדיגין קודם לאז מען ארויף נעמען משקה און דער עולם זאל זיך אונטער האלטין כדי מען זאל ניט פאר מישין די שמחה און מען זאל מיט דעם פסק ניט ווארטין נאר ער זאל מאכע הייגט גישעהען וויא דער גאנצער עולם האבין דער הערט דיא רייד פון דעם יודיל איז זיי זייער גיפעלין און האבין ביי זיך גיקלערט מיר האבין שוין גיפועלט וואס מיר האבין גיוואלט האט מען באלד אן גיהויבין צו טראגין פון דעם קעלער גוטע ווייגען • זאגט דער קיסר צום אור החיים קיין ווין וועסטו מיט אונז אויך ניט טרינקען זאגט דער אור החיים צום קיסר ווין נאר קודם טרינקט איר דער נאך וועלין מיר ביידע גיין אין קעלער אריין און מיר וועלין מיט זיך מיט נעמען נאך עטליכע פון דעם טיש אין קעלער אריין וועל איך מיר דארטין אפשר אם קלייבין ווין צוא טרינקען דער גאנצער עולם האט דער ווייל גיטרונקען ווין און זיינען גיוועזן לוסטיג און פרייליך •

דער נאך זאגט דער אור החיים צום גאנצין עולם הערט מיך אויס נראפין און פירשטין וואס איך וועל אייך זאגין איך בין גיבארין איוד און האף צו גאט ב״ה אז עס וועט קומען מיין צייט צו שטארבין וועל איך אויך שטארבין איוד • און גאט ב״ה האט אונז גיגעבין איין תורה אין דער תורה האט ער אונז גיווארנט מיר זאלין זיך היטין פון

[illegible]

רפואה פיר זאלין זיינעם ניט פארדען עסיסעג זיין שווד אדער ניט פיזר היינט אז די יודין האבין שבר גיוועזין אויף דעם אונ האבין ערמארעקט דעם מיניסטער מוז מען אויף זייא מקיים זיין איין אנדרין פסוק פון דר תורה וואס אין דער תורה שטייט גישריבין דיא חעטר פון דיא עדות זאלין זיין צום ערשטין אין דיא מערדערס אונ דער נאך דיא הענט פון דעם גאנצין פאלק · אונ ווידער האבין מיר איין דין תורה אז עדות ווערין גיפונגען ליגנערס זאל מען טאן דיא עדות אזו ניא זייא האבין אין זין גיהאט צו טאן דעם מענשין · האבין די אלע מענשין גישריען בראוואָ דער קיסר זאל לעבין אונ דער יוד וואס איז דעם קייסערס פריינד זאל אויך לעבין · דער נאך האט דער אור החיים גיזאגט איצונד לאמיר גיין אין קעלער אריין ווין טרינקן אונ דאס מיניסטעריום מיט דיא צוועליף עדות זאלין אויך מיט אונז מיט גיין · אונ דאס מיניסטעריום זאלין זיך פון דיא מענטשין וואס זיצין בייא דעם טיש אויס קלייבין א מענש · דאס ער זאל מיט זייא מיט גיין אונ דיא עדות זאלין זיך אויך אויס קלייבין א מענטשין וועלכען זייא ווילין ער זאל מיט זיי מיט גיין · אונ זיינען אלע אראפ גיגאנגען אין קעלער אריין אונ האבין אן גיהויבין ווין צו טרינקען · אינדעם זאגט דר אור החיים צום קיסר איך פיל דא עפעס אין קעלער אמיעסין דאמפף גלייך וויא איין טויטער וואלט דא גילעגין · רופט זיך אן איין עדות איך פיל אויך נאר איך האב ניט גיוואלט זאגין · קורץ זייא האבין אלע גיזאגט דאס זיי פילען דעם דאמפף מיר מוזין אויס דעם קעלער ארויס גיין · זאגט דער אור החיים גיין קינדערלאך ארויס גיין איז קיין קונץ ניט מיר מוזין אבער אכטונג געבין וואס דאס זאל זיין וויא קומט אהער איין טויטער · האט דר קיסר באלד גילאזט אראפ רופין צוויי פראסטע מענשין זאלין זוכין ווס אין דר קעלער איז דא האבין דיא מענשין ניט פיל גיזוכט אונ האבין גיפונגען דעם גישאסענעם מיניסטער אונ דיא אלע האבין אים באלד דער קענט אונ זייערע הערצער זיינען גישטארבין · ווארום זיי האבין זיך שוין אן גישטויסין אז דאס מוז עפעס זיין דאס איז ניט גלאט · האבין דיא מענטשין דעם מיניסטער ארויף גינומען פון דעם קעלער אונ מען האט אים באהאלטין וויא עס גיהער צו זיין אונ דר קיסר האט גישטעלט וואכין אויף אלע זייטין פון דעם בארג · אונ האט זייא די גאנצע גישיכטע דערציילט וויא אזוי דער מיניסטער איז גישאסין גיווארין אונ דורך וואס פאר איינע אורזאכע · אונ האט גיזאגט צום אור החיים איצונד גיב דו ארויס איין פסק · האט דער אור החיים באלד צו וויסען גיגעבין צו די יודין וואס דא איז גישעהן אונ

קהל זאל אים אויס קלייבען פון זייא צוועליף יודין אונ זאלין אים שיקן אין קיסערס הויף אריין האט ער איטליכין יוד איבר גיגעבין איין עדות אין די הענד אריין אונ האט גיזאגט מיט וואס פאר איין מיתה דוא ווילסט אים טויטין מעגסטו אים טויטין נאר היינטיגין טאג • אונ דאס פאר מעגין פון די צוועלף עדות זאלט איר גיזעהן אונ זאלט עס צוא טיילין צו אלע יודין לויט חלק • אונ האלב פאר מעגין פון איטליכין מיניסטער זאל באלד בארעכינט ווערין אונ זאל גיגעבין ווערין צו דיא יודין אונ דיא אנדערע העלפט זאלין זיי זיך האלטין אונ זאלין אפ גיזעצט ווערין פון זייער גדולה אונ זאלין ניט טארין וואוינען אין קרוין שטאט צייט זייא וועלין לעבין • אונ האט דעם גאנצין פסק ארויף גינומען אויף איין פאפיר אונ דער קיסר מיט אלע גראפין אונ פירשטין האבין זיך ניתחתמת אויף דעם פסק • אונ דער אור החיים איז זיך אוועק זיין וועג אונ דיא יודין האבין גיטאן דעם משפט אין זייערע שונאים לויט דעם פסק פון דעם אור החיים הקדוש :

## קהל קדושים

### מעשה מהרב הגאון הצדיק המפורסם מוהר"ר שמשון ווינער זכותו יגן עלינו אמן

דער גאון דער צדיק רבי שמשון ווינער האט גילערינט אין זיינע יונגע יארין אין דער ישיבה אונ ער האט זיך גיוויזין אז ער וועט זיין איין גרויסער גאון • אונ עס פלעגט זיין דער מנהג פון פאר צייטין אז יעדער מענטש וואס ער האט גיוואלט איין איידעם ער זאל זיין איין תלמיד חכם פלעגט ער פארין אין דער ישיבה אריין אונ האט זיך אויס גיקליבין איין בחור • ווארום דענסטמאלט איז נאך די תורה חשוב גיוועזן ביי אלע מענטשין מען האט ניט גיוואוסט צו קויפין זיך הייזער אונ גיטער נאר מען האט גיוואוסט אז יעדער וואס הש"י האט אים מזכה גיוועזן מיט עשירות • האט ער זיך צום ערסטין אויס גיזוכט איין גוטין איידים וואס האט גיקאנט גוט לערנען דער נאך האט ער זיך גיקויפט נכסים אונ האט גינומען דעם איידים נאקעט אונ בארוועס אונ האט אים אויס גיקלייד אונ האט חתונה גימאכט מיט זיין טאכטער • נוא עס איז גיקומען איין ראנדבאר אין דער ישיבה אריין ער זאל זיך אויס קלייבין איין בחור איין בן תורה פאר איין איידעם הכלל ווייא דער ראנדבאר איז נאר גיקומען אין דער ישיבה אריין איז אים גיפעלין דער גאון רבי שמשון ווינער זיין זכות זאל אונז ביי שטיין ווארום ער

אזו

אין פאקע גיוועזן איין שיינר מענש · האט דר ראנגבאר גיגעבין פר דעם בחור צוא דעם וואס ער האט גיהאלטין די ישיבה צווייא הונדערט רענדלאך אונ דעם בחור האט ער מיט זיך מיט גינומן · הכלל ער איז צו מזל טוב גיקומען מיט גרויס שמחה אונ האט גימאכט דיא חתונה מיט גרויס שמחה אונ וויא עס איז גיוועזן בייא דער נאכט האט מען גימאכט די סעודה אויך מיט גרוס שמחה :

בקיצור דיא מחותנים האבין זיך גאר שטארק גיפרייט אונ וויא עס איז גיקומען אז זייא האבין זיך אלע גילייגט שלאפין איז ארויס אפייער פון דעם הימל אונ עס האט אלעס פר ברענט · אפילו וואס זיינן גיקומען צו פארין אויף דר חתונה זיינן פאר ברענט גיווארין אונ אפילו זיינן אנטלאפין גיווארין מיט דעם לעבין אונ דר ראנגבאר מיט זיין ווייב אונ דאס גאנצע בני בית זיינען פאר ברענט גיווארין · אונ דיא חתן כלה זיינען אנטלאפין גיווארין מיט דעם לעבין זייא האבין איינס פון דעם אנדערין ניט גיוואוסט · דר חתן האט דר זעהן פון וויטינס איין גרויסע פייער האט ער דאס פאס איבר גיקערט אונ האט זיך ארונטער גילייגט אונ די כלה האט זיך בהאלטין אונטער דיא בייטר · עס איז גיקומען אין דרייא טעג האט זיך דער גאון משער גיוועזן אז דאס פייער איז שוין גישטילט גיווארין איז דר גאון אפריער גיגאנגין פון דאס פאס אונ איז גיבליבין שטיין מיט עגמת נפש ער האט ניט גיוואוסט צוא דיא כלה איז פאר ברענט גיווארין צו ניט אונ ער האט ניט גיוואוסט וואס צו טאן · הכלל ער האט בייא זיך אפ גיפאסט ער זאל אוועק גיין צוריק אין דער ישיבה אהיין צו זיין רבין ער זאל דארטין זיצין אונ לערנין אזוי ווי פריער · עס האט ניט לאנג גידויערט איז גיקומען איין גביר פון ווין אין דר ישיבה אהיין ער זאל זיך אויס קלייבין איין חתן אין דר ישיבה פון זיין טאכטער וועגין · הכלל ער האט זיך אויס גיקליבן דעם גאון ר׳ שמשון אונ ווייל דער גאון איז גיוועזן איין גרויסער חכם האט ער אויס גינומן פיל תנאים מיט דעם עושר אונ דאס איז גיוועזן בייא אים דיא ערשטע תנאים וואס ער האט אויס גינומען אז דרייא חדשים פאר דער חתונה זאל מען שיקען בריף אין אלע שטעט ארויין אז מען זאל וויסען אז דער אונ דער גביר פון ווין נעמט דעם ר׳ שמשון פון דער ישיבה אונ מען וועט געבין מתנות צו דיא ארעמע לייט זיבען טאג אונ עסין אונ טרינקען ווער עס וועט קומען קיין ווין :

בקיצור דער גביר איז מרוצה גיווארין אויף דער זאך ווארום דער גאון האט זיך גיטראכט אפשר לעבט נאך זיין ערשטע ווייב איז זיא בוודאי איין ארים מענש ווארום איר פאטר אונ מוטער איז גשטארבן

נוא וָוער הָט אִיר צוּ גֶעבִּין עֶסִין אִיבֶּר דֶעם אַז וִוי וָועט הֶערִין אַז מֶען גִיט אִין וִויעֶן עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ גֶעלְט אוֹיף וָועט זִיא אָפְּשֶׁער קוּמֶען אַהֶער :

בְּקִיצוּר דֶער גְבִיר אִיז טְרוּצְה גִיוָוארִין מִיט הַגָאוֹן ר׳ שמשון אַז מֶען זָאל שְׁרַייבֶּן בְּרִיף אִין יֶעדֶר שְׁטָאט אַז עֶר מַאכְט חֲתוּנָה זַיין טָאכְטֶער אוּנ עֶר וָועט גֶעבִּין עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ גֶעלְד דָאצוּ אוֹיף יֶעדֶער וָואס עֶר וָועט קוּמֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה · הַכְּלָל אַלֶע אָרִימֶע לַייט פוּן דֶער גַאנְצֶר וֶועלְט זַיינֶען גִיקוּמֶען צוּ גֵיין קֵיין וִויעֶן ·

בְּקִיצוּר הַגָאוֹן ר׳ שמשון הָאט גִינוּמֶען אֵיין מֶענְשִׁין אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט אַז יֶעדֶער אָרִימַאן וָואס וָועט קוּמֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה זָאל מֶען אוֹיף שְׁרַייבֶּן דֶעם נָאמֶן וִויא עֶר הֵייסְט · עֶס אִיז אַזוֹא גִיוֶועזֶען מֶען הָאט גִינֶעבִּין עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ גֶעלְט אוּנ אַלֶע פָאר נַאכְט אִיז גִיגַאנְגֶען הַגָאוֹן רבי שמשון וִוינֶער צוּא דֶעם מֶענְטשׁ עֶר זָאל דֶעם טָאג צֶעטִיל אִיבֶּער לֵייעֶנֶען אוֹיבּ עֶס גִיפִינְט זִיךְ נִיט דֶער נָאמֶען פוּן זַיין וַוייבּ בְּקִיצוּר עֶר הָאט נִיט גִיפוּנֶען דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין וַוייבּ וִויא זִיא הָאט גִיהֵייסִין רבקה בת משה ישראל אָדֶער אַזוֹ אֵיין גְלַייכִין וִויא עֶס אִיז גִיוֶועזֶען דֶער זִיבֶּעטֶער טָאג אִיז עֶר גִיקוּמֶן אִיבֶּער לֵייעֶנֶען דֶעם טָאג צֶעטִיל הָאט עֶר גִיפוּנֶען שְׁטֵיין דֶעם נָאמֶן פוּן זַיין וַוייבּ הָאט עֶר גִיפְרֶעגְט אוֹיף אִיר מֶען זָאל זִיא אִים וַוייזִין אִיז גִיגַאנְגֶען דֶער שׁוֹמֵר דִ״ית הנשים אוּנ הָאט זִיא אוֹיף גִיוַוייזֶען מִיט דֶעם פִינְגֶער הָאט עֶר זִיא דֶער קֶענְט אַז דָאס אִיז זִיא הָאט דֶער גָאוֹן גִיזָאגְט צוּא דֶעם שׁוֹמֵר וָואס עֶר הִיט אַז מֶען לָאזְט אַהֵיים אַלֶע אָרֶעמֶע לַייט אוּנ מֶען גִיט זֵייא מַתָּנוֹת זָאל עֶר אוֹיף הַאלְטִין דִיא אִשָּׁה וָואס זִיא הֵייסְט רבקה בת משה ישראל נָאר עֶר זָאל אִיר נִייטְזֶען אֵיין בַּאזוּנְדֶער חֶדֶר אִין הוֹיף זִיא זָאל דָארְטִין גֶעבְּטִיגֶן :

בְּקִיצוּר דֶער מְטוּנָה הָאט אַזוֹא גִיטָאן אַזוֹ וִויא מֶען הָאט אִים גִיהֵייסִין הָיא עֶר הָאט אוֹיף גִיהַאלְטִין דִיא אִשָּׁה הָאט זִיא פָארְכְט גִיהַאט אֶפְשֶׁר וִויל מֶען פוּן אִיר חַס וְשָׁלוֹם שְׁפֶּעטִין הָאט זִיא גִיזָאגְט צוּא דֶעם מְטוּנָה וָואס פָאר אֵיין עֲבֵירָה הָאסְטוּ אִין מִיר גִיפוּנֶען וָואס דוּ ווִילְסְט מִיךְ נִיט אַהֵיים לָאזִין הָאט דֶער מְטוּנָה גִיזָאגְט אִיךְ שְׁוֶוער בַּייא מַיין לֶעבִּין אַז נָאר קֵיין שׁוּם עֲבֵירָה הָאבּ אִיךְ נִיט גִיפוּנֶען אִין דִיר נָאר מֶען הָאט מִיךְ אַזוֹי גִיהֵייסִין טָאן · אוּנ וִויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען אַזוֹ וִויא הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז דֶער חָתָן אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פוּן זַיין גִילֶעגֶער אוּנ הָאט זִיךְ מִיט גִינוּמֶען אֵיין לִיכְט אִין הַאנְט אוּנ אִיז גִיגַאנְגֶען צוּ דֶער אָרֶעמֶער אִשָּׁה אִין אִיר שְׁטִיבֶּעל אַרַיין עֶר זָאל מִיט אִיר רֵייךִין עֶר הָאט זִיא אוֹיס

גיפרעגט האסטו נאך איין פאטער אונ מוטער אברודער אקרוב האט
זיא גיזאגט נין האסטו איין מאן האט זיא גיט גיענטפערט נאר גיזיפצט
האט ער זיא נאך אמאל גיפרעגט האסטו איין מאן האט זיא גיזאגט
איך האב גיהאט איין מאן נאר ווער ווייסט אויב ער לעבט האט ער
זיא געבעטין זיא זאל אים דער ציילין וואס עס איז מיט אים גישעהן
הכלל זיא האט אים דר ציילט די גאנצע מעשה פון דער שרפה מיט דאס
אלעם וואס האט זיך גיטראפין ביז ער האט נאך גיקלערט אז זיא איז
זיין ווייב אונ ער איז איר מאן נאר איין זיפץ האט ער גיטאן אונ האט
זיך גישלאגין אין זיין הארץ ארוין אפשר אין אזו פיל יארין וויא זיא
איז ארום גיוועזן אפשר האט זיא זיך מטמא גיוועזן · הכלל ער האט איר
אוים גיפרובט אויף דיא זאך אויב זיא האט זיך ערליך גיהאלטין ·
בקיצור ער האט איר גיפרובט מיט צעהן נסיונות אונ זיא איז גיט
בעשטאנען אויף דיא אלע זאכין ער האט זיך אויף גיהויבין אונ
איז גיגאנגען צוריק אונ האט זיך גיליינט שלאפין · אין דער פריא איז ער
אויף גישטאנען אונ האט גיזאגט צו זיין מחותן אז איין קליינע בקשה
בעט ער פון אים ער זאל אים גיט אפ זאגין האט דער מחותן גיזאגט
וואס איז דיא בקשה האט ער גיזאגט צו אים אז ער וויל זעצין איין
בית דין פון דיא חכמים פון ווין ווארום ער דארף זיי עפעס פרעגין ·
בקיצור דער מחותן האט אים צוא ליב גיטאן אונ האט זייא גישיקט
רופין אז זיי זאלין זיין ביי אים איין גילאדין אויף קאפע · דיא
חכמים זיינען ריכטיג גיקומען אונ האבין זיך בזאמען גיפרייט מיט
פלפולים מיט דעם זתן רבי שמשון זיין זכות זאל אונז ביי שטיין וויא
זייא זיינען אזוי גיזעסין האט זיך דער רבי שמשון אנידער גישטעלט
אונ האט גיזאגט איך האב אייך דא עפעס צוא זאגין כבודתי · נאר זאגט
יעצט מיר דעם דין ווארום איך בין דער מענטש וואס איך האב
גינומען נאך איין ווייב אונ השי״ת האט גיפונען דיא זינד פון אונז ביידע
בשעת ווען דיא חתונה איז גיוועזן האבין מיר זיך צו שייד אונ מיר
האבין ניט גיוואוסט זיא האט ניט גיוואוסט וואו איך בין אונ איך האב
ניט גיוואוסט וואו זיא איז אונ האט דער ציילט דיא גאנצע מעשה
מיט דיא שרפה אונ בשעת איך האב מיר מתקשר גיוועזן מיט מיין
מחותן האב איך מיט אים אויס גינומען אתנאי אז ער זאל מאכין איין
סעודה פאר אלע ארימע לייט כאטש איך זאל וויסין אויב מיין ווייב
לעבט נאך · אונ היינט האב איך איר גיפונען צווישען די מדינה ארימע
לייט אונ איך האב מורא פאר דעם חרם פון רבינו גרשון פר דעם דער
וואס נעמט צוויי ווייבער · היינט לערינט מיר דעם דין · האבין זיי אים

גיזאגט אז איינע דארף ער געבין נאר דיא גבירה איז אין דיין
האנט וועלכע דוא ווילסט מעגסטו דיר נעמען וויא דער מחותן דער
גביר האט דאס דער הערט האט ער צוא אים גיזאגט נוא ווען
ווילסטו געבין גיט האט ער גיזאגט דיין טאכטער וויל מיט דעם דין איז
דיא ערשטע מיין ווייב אונ ווען איך וואלט גיוואוקסט אז זיא לעבט
נאך וואלט איך דאך ניט ניטארט נעמען דיין טאכטער אונ אז איך האב
גיפונען מיין אבידה וועל איך איר אהיים נעמען איז דיא זאך גיפעלין
אין דוא אויגין פון דיא חכמים פון וויען אונ דעם שווער איז דאס
אויך גיפעלין אונ האט גיזאגט אצונד ווייס איך וואול אז דוא בינסט
איין צדיק אונ עס טוט דאך מיר אויך באנק איך זאל נאך לאזין אזוי
איין גאון נאר איך פאר זיכער מיך אויף גאט אז ער וועט מיר צו שיקין
איין אנדערין אויף דיין ארט איך זאל אים געבין מיין טאכטער פאר
איין מאן אונ דורך דעם וואס איך האב גיזעהן אז אזוא איין פאר מעגין
האסטו נאך גילאזין פון וועגין דוא זאלסט ניט טאן קיין אום רעכט
איבער דעם וועל איך דיר אויך ניט אהיים לאזין ליידיג פון מיין הויז
איך גיב דיר טויזינד רענדליך פר דעם וויל דוא האסט גיטאן ווי עס
דארף צו זיין מיט יושר אין גאטס אויגין אונ אין מענטשינס אויגין ·
אונ ער האט גיגעבין איין גט צו זיין נאיע ווייב דאס איז דעם גבירס
טאכטער אונ ער האט אים גיגעבין די טויזינד רענדלאך אונ דר גאון
האט זיך באהעפט מיט זיין ערסטע ווייב אונ ער האט מיט איר נאך
אמאל גירעט אונ האט איר גיזאגט סימנים אונ זיא האט אים דער
קענט אז דאס איז איר מאן · בקיצור זייא האבין צו זאמן גיוואונט אונ
זיי האבין זיך אפ גיקליבין איין שטאט ער זאל מיט איר וואונן אין ווין ·
בקיצור דיא זאך איז מפורסם גיווארין ביי אלע מענטשין אין די שטאט
ווין ביז די זאך איז גיקומן צוא דיא יועצים האבין זייא דער
ציילט דעם מלך · האט דער מלך גישיקט נאך דעם גאון רבי שמשון
ער זאל אים אן קוקין וואס פאר איין מענטש ער איז אז ער ווארפט
אוועק אזו איין גרוים פאר מעגין פון וועגין זיין ישרות לבב ווארום
אין דער גאנצער שטאט האט מען גיוואוסט אז דער מענטש איז אגרויסר
עושר אונ זיין טאכטער איז א שיין מענטש אונ ער קלייבט זיך אויס
איין ארימע אשה וואס זיא גייט אויף די טירין · בעטין איין שטיקיל
ברויט · עס איז אזו גיוועזן דער גאון האט גירעט מיט דעם מלך צוויי
ווערטער איז ער אים זייער גיפעלין גיווארין ווארום ער האט גיזעהן אז
ער איז זייער אקלוגער מענטש אונ דיא זאך וואס ער האט גיטאן
מיט דער ארימע אשה איז אויך זייער גיפעלין דעם קיסר האט דער

מלך געזאגט אז דוא בינסט יא אזעלכער מענטש איבער דעם וואלסטו
וויסין אז פון היינט אן האב איך דיר אויס גיקליבן דו וואלסט זיין בייא
מיר איין יועץ האט זיך דר גאון געבוקט פר דעם מלך איבר דעם חן
וואס ער האט געפונען אין זיינע אויגין אונ פון דעמאלסט אן איז
ער גיוועזן איין מושל איבער אלע מושלים וואס דינען ביי דעם מלך:
נוא וויא דר גאון רבי שמשון איז גיגאנגען שפאצירין מיט דעם מלך
גלייך ווי צוויי ברידר אונ וויא עס איז גיוועזן אז די זיינען אזו
גיגאנגען שפאצירין האט זיך דר בישוף ארויס גיקוקט פון זיין קליין
פענצטעריל וואורום דארטין האט ער גיזעהן ווי דר מלך גייט שפאצירן
מיט דעם יוד מיט גרויס אהבה עס האט אים דאס גיקרענקט הבלל אין
עטליכע טעג ארום האט דר בישוף נאר גיקלערט מחשבות וויא אזו
צו מאן שלעכטס דעם יוד דער בישוף האט זיך באראכינט אז ער
זאל אריין גיין צום קיסערס טאכטער אונ ער זאל מיט איר רידין איניגע
רייד שלעכטס אויף דעם יוד. נוא ווי עס איז גיוועזן אז ער האט זיך
דר וואוסט אז דער מלך איז ניט דא אין דער היים איז ער גיגאנגען
צו דעם קיסערס טאכטער אונ האט גיזאגט צו איר איך האב דיר עפעס
צו זאגין קיסערס טאכטער ווי אזוי פאסט דאס צו ווערין אז א איד זאל אין
דיין פאטערס הויז אריין אונ ארויס גיין אונ זאל זיין ביי דיין
פאטער איינער אונ ניט מער דיין פאטער צו זאגין שפאצירין ווייסטו
דען ניט פון לאנג אן אז די יודין זיינען שונאים צו די וואס דינען פרעמדע
אפ גאטער אונ ניכער זיי איז פערבאטן פון אונזער דת מאכט דען ניט
גיהערט וואס די יודין האבין גיטאן מיט אונז ביי אונז די שנאה
איז נאר גיוועזן חייל זיי האבין אנדערע דינים אזו ווי מיר האבין אנדערע
דינים. בקיצור ער האט מיט איר אזוי גירעט אז עס האט איר
שוין אויך גאר פארדראסין אויף די יודין ביז זיא האט אים מבטיח גיוועזן
אז זיא ווען דאס זאגין איר פאטער דאס האט דר בישוף נאך אמאל גיזאגט צוא
די בת מלכה עס איז נאך ניט גינוג נאר מען מוז זעהן דעם איד צוא
האלטענען וואורום פון אלע וואכין וואס מען מוז זיי קענען זיי זיך אויס
דרייען. איבר דעם מוז מען קלערין גיהיים עצות דעם איד צו האלטענען:
האט זיא אים גיפרעגט ווי אזוי קאן מען דאס טאן האט דער בישוף
גיזאגט צו איר טייטשו וואס דו זאלסט זיך מאכין קראנק ווען דיין פאטער
בוודאי קומען צו דיר אונ פרעגין חולה זיין אונ ווען מיט נעמען דאקטורים
וועלין זיי אלע זאגין אז דוא בינסט גיזונד ווען ער דיר פרעגין וואס
דען פעלט דיר וועסטו זיים זאגין דו זאלסט וויסין אז מיר פעלט נאר
מיט נאר דאס וואס דו מוסט דיר ניסאקט דעם איד פר איין קרעניק

אונ ער ווייסט אלע דיינע געהיימניסע זאכין דאס קריינקט מיך אנשטאט
וואס דו באראכטסט צו לויערין אויף זיין לייב סאכסטו אים נאך פאר
איין יועץ · בקיצור זי האט אים מבטיח געוועזן אויף דר זאך אויך עס
איז אזו געוועזן אין דעם אנדערין טאג אין דר פריא האט זי זיך געלייגט
אויף איר געלעגער אונ האט געזאגט אז זיא איז קראנק :
בקיצור מען האט געשיקט נאך אלע דאקטורים פון דר גאנצער שטאט
ניי זאלין איר געבין מיטלען זי זאל געזונד ווערין האבין ניי אלע
געזאגט עס פעלט איר גאר נישט גאר זי האט אין זיך איין קריינקונג פון
וועגין איין זאך · בקיצור דר מלך איז ארייין גיגאנגען צו איר אונ האט
איר געפרעגט וואס איר קריינקט · בקיצור זי האט אים דער ציילט אז
דאס איז נאר איבער דעם אידין ער איז איר גלייך ווי דעם מלאך
המות · בקיצור דר מלך האט געזאגט צו איר אז עס הארט דיר יוא
אזו שטארק זאג איך דיר צו אז ער וועט שוין נישט מער אריין קומען צו
מיר אין מיין פאלאסט גאר פון דעסט וועגין זע מיין טאכטער אויב עס
איז דא אזו איין קלוגער מענטש צווישין מיינע אלע יועצים האט זיא
געזאגט וואס העלפט דאס ווען ער איז אבער אהיד די אידין לויערין
תמיד אויף אונז נייקסטו אונ מאכסט אים פאר איין פריינד :
בקיצור וויא זי האט מיט אים אזו גירעט האט ער איר מבטיח געוועזן
אז ער וועט שוין נישט מער קומען צו אים אין שטוב ארייין אבר
דר מלך האט נישט געוואוסט אויב די זאך איז אן גירעט פון דעם בישוף
איבר דעם האט זיך דער מלך נישט גיהיט פון אזא גיין מיט דעם איר
אויף די פרייסע גאס פר דעם בישופס הויז איז דר מלך גיגאנגען מיט
דעם איר שפאצירין אויף דעם פרישער לופט אבער צו זיך אין שטוב
ארייין האט ער אים נישט גילאזט ווייל ער מאכטער זאל נישט האבן קיין עגמת
נפש · נוא ווי דר בישוף האט דאס גיזעהן אז ניי גייען ביידע צו זאמען
שפאצירין אזו ווי פריער האט דאס אים נאך מער גיקריינקט · הכלל
דער בישוף איז גיגאנגען נאך אמאל צוא דעם קיניגס טאכטער אונ
האט איר איין גירעט אזו ווי פריער אונ האט איר דער ציילט אז איר
פאטער גייט נאך מיט דעם אידין אזו ווי פריער מיט גרויס פרייליכקייט ·
בקיצור זיא האט נאך איין מאל אזו גיטאן אונ האט זיך גימאכט קראנק
אונ וויא איז שוין שטארק גיוועזן קראנק פון דעם אן אידין בקיצור
זיינען ווידער גיקומען אלע דאקטורים פון דער שטאט צוא איר מען זאל
איר געבין מיטלין אויף איר קריינק האבין ניי ווידער געזאגט אז עס פעלט
איר גאר נישט נאר דאס איז איין קריינקונג פון וועגין איין זאך · דער
פאטער האט איר נאך אמאל גיפרעגט וואס פעלט דיר האט זיא אים

געזאגט אז עס פעלט פיר גאר ניט גאר איך ווייס ניט אויב דו האסט
געהאלטן דעם איד אונ געטאר ואלסטו וויסן אז פיר וועט אלע מאל
אכטער איבער דעם איד ׃

נא איצונד קריג דיר אים צוא ווילסטו איך זאל בלייבן לעבן צו די
ווילסט דער איד זאל בלייבן לעבן וואס ער וויל אונז הארגענען
אונ ער האט פיינט אונזער אמונה · בקיצור עס האט דעם מלך זייער
געהארט אפילו אויף דעם ערשטן פונקט אז ער זאל ניט קומען אין זיין
שטוב אריין וויל זי נאך מער האבן מען זאל נאך דעם איד אין גאנצן
הארגענען זיא האט אבער מיט אים זייער שטארק גירעט פון וועגן די
זאך האט דר מלך גיזאגט איך קען אים גאר ניקס טאן ווארום ער האט
מיר אויך קיין שלעכץ ניט גיטאן אונ ער האט אנטקעגין מיר ניקסט
טובה גיווען נאר איך וועל אזו טאן איך וועל זאגין דעם איד ער זאל
קומען אונטער דר שטאט דארטין וואו עס איז דא דער קאלך אויבין
ווארום איך באדארף מיט אים צו ריידין איין סוד אונ צו דעם ממונה
פון דעם קאלך אויבין וועל איך שרייבין איין בריף אז ווי באלד עס
וועט קומען איין מענטש אין דער שעה זאל ער נעמען דעם מענטשין
אונ זאל אים אריין ווארפין אין קאלך אויבין בלי שום טענה ומענה גבי
ער זאל שטארבין גיזונד פאר זיין צייט אונ איך וואל ניט זיין שולדיג
אין דאס · בקיצור עס איז אזו גיוועזן מען האט געשיקט איין בריף צוא
דעם ממונה פון דעם קאלך אויבין אז למשל זייגער ניין וועט קומען
אהער איין מענטש זאל מען אים נעמען אונ מען זאל אים אריין
ווארפין אין קאלך אויבין בלי שום טענה ומענה אונ דעם איד האט
ער געשיקט רופין אונ האט אים גיזאגט אז מארגין זייגער ניין אין דר פריא
זאלסטו זיין אויף דעם אונ דעם ארט אונ איך וועל אויך אן קומען אהין
אונ מיר וועלין שמועסין איין דבר סוד אונ דאס האט מען גיטאן פאר
דיא אויגין פון דיא בת מלך ׃

לאמיר זייא דא לאזין שטיין אונ לאמיר שמועסין פון דעם וואס גאט
ב"ה היט אפ זיינע היילינגע צדיקים פון אלע צרות אזו ווי דר פסוק
זאגט רגלי חסידיו ישמור דיא פיס פון זיינע פרומע צדיקים טוט גאט אפ
היטין אונ תם ושלום אפילו דער צדיק איז שוין אין דר צרה נעמט ער
דעם רשע אונ שטעלט אים אויף זיין ארט אזו ווי דער פסוק זאגט
צדיק מצרה נחלץ ויבא רשע תחתיו דער צדיק ווערט פון דער צרה
אויס גיצויגין אונ דער רשע קומט אויף זיין שלעכטין ארט אונ דא וועט
איר זעהן ווי דר פסוק איז מקוים גיווארין אויף רבי שמעון ווינער זיין
[illegible] זאל [illegible] ׃ וואל איז דעם מענטשין וואס [illegible]

דיך אין גאט ב"ה אמן וכן יהי רצון :

טא דער גאון רבי שמשון ווינער זיין זכות זאל אונז ביי שטיין אח אויף גישטאנען אין דער פריא אונ האט קודם כל אפ גידאווינט אונ האט איין גישפאנט זיין רייט וואגין אונ דער משרת איז מיט אים גיפארין • נוא ווי עס איז גיקומן נאהינט צו דעם ארט וואס דער גאון האט שוין באדארפט אהין צו קומען אין דער צייט • איז אים אנטקעגין גיקומען איין אלטר מאן אונ איז גיפאלין פאר זיין רייט וואגין אונ האט גיזאגט איך בעט דיר מיין הער זיי מיר מוחל איך שטיי שוין דא זייער אלאנגע צייט איך זאל גיפינען איין איר ווארום דא ניט ווייט איז דא איין ברית מילה אין איין דארף אונ עס פעלט אונז איין מענטש צום מנין אונ איין מוהל אונ סנדק • אונ איצונד זאלט איר וויסין אז ה' סלאך פון גאט האט אייך אהער גישיקט איר זאלט אונז ממלא זיין אונזר בקשה האט דער גאון זיי גיזאגט וואס העלפט דאס איך בין אבר גישיקט גיווארין פון דעם מלך איך זאל קומען אויף דעם ארט אין דער צייט וויא אזו קען איך אוועק גיין פון דעם קייזערס גיבאט איך זאל ניט זיין צו דער צייט וואס דער מלך האט מיך גיהייסין דארטין זיין האט אים דער אלטער אפ גיענטפערט אונ זאגט צו אים אמער איר וועט גיין אין דעם גיבאט פון דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא וואס ער מאכט קניגין אונ די מלוכה גיהער צוא אים • דער גאון האט אים ניט גיקאנט ענטפערין קיין ווארט אונ איז מיט אים גיפארין האט דער גאון גיפרעגט דעם זקן אויב עס איז ווייט פון דאנען האט דר זקן אים גיוויזין מיט דעם פינגער אז דא ניט ווייט איז דאס ארט אונ גאט ב"ה וועט דיר העלפין אז דו וועסט ניט האבין קיין אומשטאנד פון אונזר ברית מילה אונ דוא וועסט נאך קענען קומען אויף דעם ארט בשלום :

בקיצור ער איז מיט זייא גיפארין צווייא שעה האט אים אוים גיוויזין אז ער פארט ערשט פינף מינוט ווארום ער האט ביי זיך גיהאט איין שמחה של מצוה פון איין גיבאט פון איין מלך צו איין גיבאט פון דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא אונ איז צוא מזל אהין גיקומען וויא ער איז אהין גיקומן איז טאקע אמת גיוועזן דאס וואס דר זקן האט אים דער ציילט אונ ער איז גיוועזן סנדק אונ מוהל • בין כך ובין כך איז דר ווייל אוועק גיגאנגן א האלבר טאג האבין די מענטשין אים ניט גילאזט אהיים פארין נאר ער מוז שוין זיין נאך ביי דר סעודת נאך דעם ברית • בקיצור ער האט זיך ביי זיי אוים גיבעטין אז ער זאל שוין אוועק גיפארין ער איז אוועק גיפארין איז ער צו גיקומן צום קאלך אויבין האט ער גיפרעגט דעם ממונה פון קאלך אויבין איז דא ניט גיוועזן

דער

דער מלך האט אים דער מטונה גיזאגט ניין האט זיך דער צדיק ווייטער גיפרייט ווייל ער איז פריער גיקומען וויא דער מלך אונ האט דעם רצון פון השי"ת גיטאן אונ האט ביי זיך גיטראכט אצונד ווען איך אז שלוחי מצוה אינן נזוקין · די שלוחים וואס גייען טאן איין מצוה די ווערין ניט גיזוק ער האט דארטין גיווארט אזו וויא איין שעה אונ דער מלך איז נאך ניט גיקומן האט זיך דר גאון אויף גיהויבין אונ איז גיפארין אהיים :

איצונד לאמיר צוריק גיין אונ לאמיר שמועסן פון דעם סוף מעשה וואס עס האט זיך מיט אים גיטראפין אונ לאמיר לויבין צו השי"ת אויף זיינע גרויסע וואונדערליכע זאכין וואס ער טוט וואונדער גאר אן אשיעור בקיצור דעם קייזערס טאכטער האט תיכף גישיקט צום בישאף אז מען האט שוין אפ גישמועסט אז מען זאל דעם איד הארגענען מיט מיתות משונות אונ זיא האט אים דער צוילט דיא גאנצע מעשה אז מארגין זייגער ניין וועט מען דעם איד ווארפין אין קאלך אויבין אביין אונ קיין שום מענטש וועט אים ניט מציל זיין : בקיצור דער בישאף איז אויף גישטאנען גאנץ פריא ווארום ער האט זיך גיטראכט דער איד היט בוודאי אפ דאס וואס דער מלך הייסט אים אונ דער איד וועט בוודאי קומען צו דער צייט וואס מען האט אים גיהייסין קומען איבער דעם וועל איך קומען צו דער צייט איך זאל צוא גיין צוא דעם קאלך אויבין זעהען וויא דער אידינס אברים ווערין צוא ברענט :

נוא דאס איז גיוועזן ווייל ער האט ניט גיוואוסט דעם פסוק בנפול אויבך אל תשמח אז דיין פיינט פאלט זאלסטו זיך ניט פרייען ובכשלו אל יגל לבך אונ אז דיין שונא ווערט גשטרוכלט זאל זיך דיין הארץ ניט פרייען פן יראה ה' רע בעיניו אפשר וועט גאט ב"ה דאס זעהן וועט דאס אים פאר דריסין והשיב מעליו אפו וועט ער אפ קערין זיין צארין פון אים אויף דיר איבער דעם זאלסטו זיך ניט פרייען הכלל דער בישף איז גישווינד צו גיפארין דאמיט ער זאל קומען אהין זייגער ניין ער זאל זעהען איין נקמה אין דעם איד · נוא וויא ער איז גאר צו גיקומען איז תיכף גיגאנגען דער מטונה טאן וואס מען האט אים גיהייסין אונ האט אים אריין גיווארפין אין קאלך אויבין אריין בלי שום טענה ומענה ער האט זיך גיטראכט עס איז אפשר אפאר מינוט שפעטער ווי ניין קען מען רען אזו אין דער רגע קומען אונ דאס איז בוודאי דער מענטש ווארום קיין אנדערר איז ניט גיקומען אין דער שעה נאר ער איז בוודאי דער מענטש : בקיצור דער גאון וואס ער איז גיקומען נאך דעם האלבין טאג האט ער מיט אים גאר ניט גירעט ווארום מען האט אים ניט גיהייסין אריין ווארפין אין קאלך אויבין גאר דעם וואס ער וועט קומען זייגער

ניין

זיין אנדער רעד נאך איז גיקומען זייגער צוועליף · בקיצור תיכף וויא ער האט נאר אריין גיווארפין דעם בישאף אין קאלך אויבין האט ער תיכף גישיקט דעם מלך איין בריף אונ אזו האט ער גישריבין אין דעם בריף איך האב גיטאן ווי דו האסט מיר גיהייסין טאן מיט דעם מענטש וואס ער וועט קומען אין דער צייט: וויא דער מלך האט דאס דער הערט איז ער גיפאלין אויף זיין פנים אונ האט גיוויינט אונ האט גישריען וויי צוא מיר דורך דיר מיין טאכטער האב איך גיטאבט פר לירין אזעלכע טייערע פעריל פון מיין אוצר דאס ער איז גיוועזען אזא פעריל וואס האט קיין שאטץ מיט וועמען וועל איך מיר קענען איבער שמועסין איין נאך וואו איז נאך גיוועזען אזעלכער מענטש אין דער גאנצער וועלט אונ האט גיטאן אפאטש מיט דיא הענט אונ האט גיוויינט:

בקיצור די טאכטער האט שוין אויך באנק גיטאן פאר וואס זיא האט אים אן גירעט ער זאל אים אומזיסט הייסין הרגענען אבר זיא האט אים נאר גיטרייסט האט זיך דער מלך אנידער גיזעצט אויף דער ערד אונ האט זיך אן גיטאן אזאק אויף זיין קאפ אונ תאט נאר גיוויינט איז גיגאנגען דער מלך אונ האט גישיקט צו דעם ממונה איין בריף אז אפשר וועט נאך גיפונען ווערין איין ביינדיל פון אים זאל ער אים שיקין ווארום ער האט זיך גיטראכט לאז חאטשי דאס צוא איין זכר פון דעם חשובין מענטש איך וועל דאס אריין לייגין אין אקעסטיל וואס דאס איז אפס גיגלט אונ וועל דאס לייגין צווישין מיינע אוצרות האט דער ממונה צוריק גישריבין אז עס גיפינט זיך גאר ניט קיין שום שטיקיל ביינדיל פון זיינע ביינער האט ער נאך מער גיוויינט עס האט זיך פון אים גינאסין טרערין אזו וויא וואסער מענטשין וויינען צו גיקומען זייא ווארין אים טרייסטין מען האט אים ניט גיקענט טרייסטין ער האט אים בקלאגט מיט גרויסע קלאג ער האט גיזאגט וויי איז מיר אויף דיינע יארין וואס נײנען פאר לארין גיווארין נאר אומגיריכט איך האב מיך אפילו מיט דיר ניט גיקושט וויא איז צוא מיר · ווייא איז צו מיר מיט וועמען וועל איך מיך שוין קענען ראטין איין עצה מען האט דיר אפילו ניט באגראבין אזו ווי מען טוט אלע מענטשין · נאר אזו ווי די שטרויא וואס זיא ווערט פאר ברענט פון דעם פלאם אזו ביסטו אויך פרברענט גיווארין עס איז ניט פון דיר איבער גיבליבין קיין שום זכר אונ ער האט נאר גיוויינט: נוא וויא ער האט אזו גיוויינט האט ער דער זעהען פון וויטנס דעם היילִיגין צדיקס רייט וואגין קומט אן אין שטאט אריין הט דער מלך זיך דער שראקין מחמת ער האט גיזעהן אז ער לעבט נאך האט ער גיטאן אוואונק צו אים ע... זאל צו אים צו קומען ער איז בשלום

צו אים צוא גיקומען אונ׳ אויף אים איז גיפאלין אשרעק פון שמחה אונ׳ ווי האבין זיך ביידע גיפרייט האט ער אים גיפרעגט וואס איז דאס גיוועזן מיט דיר וואו ביסטו גיוועזן · האט ער דערציילט אים די גאנצע מעשה האט מען פארשטאנען אז דעם בישאף האט מען אזו גיטאן אונ עס איז אן אים מקוים גיווארין דער פסוק בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל · ער האט גיגראבין אגרוב פון זיינט וועגין איז ער אליין אריין גיפאלין : אזו זאל השי״ת טאן נסים ונפלאות צו אלע יודין אמן וכן
יהי רצון אמן ואמן :

פון דער מעשה קענט איר זעהן ווי השי״ת היט אפ זיין פאלק ישראל פון אלע צרות נאר מיט השגחה פרטיות אונ דו מענש זאלסט דאס אויך וויסין אז עס קומט צו דיר איין מצוה אין דער האנט אריין אפילו אקליינע מצוה זאלסטו איר ניט אוועקווארפין ווארום דורך דר קליינער מצוה וואס הגאון ר׳ שמשון ווינער האט גיטאן וואס ער איז גיפארין משלים זיין אמנין איז ער גיצול גיווארין פון דעם טויט איבער דעם זאלסטו זעהן נאר צו טאן מצות ומעשים טובים · ובזכות הצדיקים
זאלין מיר זוכה זיין לנחמות ציון וירושלים אמן :

זייער איין וואונדערליבע מעשה פון דעם הייליגין לובלינערס
רבי הרב הגאון הגדול המפורסם ר׳ שמעלקע מניקלשבורג
זיין זכות זאל אונז ביישטיין ועל כל ישראל אמן :

עס איז גיוועזן אז מען האט גימאכט דעם גאון ר׳ שמעלקע פאר איין רב אין די שטאט ניקלשבורג האט מען אים צו גיטיילט כבוד אז עס איז ניט משער צו זיין דעם גרויסין כבוד אז די גאנצע שטאט האבין זיך גיפרייט · דעם כבוד וואס מען האט אים צו גיטיילט אז מענטשין פון ווייטע ערטער האבין זיך אלע צוזאמען גיזאמילט זיי זאלין קומען אין די שטאט אריין זיי זאלין אים מקבל פנים זיין צוויי מייל איז מען אים אנטקעגין גיגאנגען מיט גרויס שמחה מען זאל אים אריין פירין אין דיא שיינע פאלאצין וואס מען האט אן גיגרייט פון זיינט וועגין · האט זיך די שטאט פאר וואונדערט אויף דעם גרויסין קול פון שמחה וואס מען האט אריין גיפירט דעם גאון האבין זיך אלע גיפרייט :
בקיצור זיי האבין זיך אלע שטארק גיפרייט · נוא עס איז גיוועזן וויא מען האט אריין גיפירט דעם גאון אין זיינע שיינע שטיבער אריין האבין זיך מענשין זייער גישטופט זיי זאלין אן קוקין דעם רבי פון זיין כבוד וועגין האט דער גאון גיך גיענטפערט איידער ער איז גיקומען

אופן

אוֹיפִין שְׁוָועל (ברוך הבא ר שמעלקא) אוּנ דֶערְנָאךְ אַז עֶר אִיז אַבִּיסִיל גִיגַאנְגְעֶן אַרוֹיף וַוייטֶער אַזוֹ הָאט עֶר צוּ זִיךְ אַלֵיין גִיזָאגְט זֶעצְט אַייךְ רִבִּי ר׳ שְׁמֶעלְקָא דֶערְנָאךְ וִויא מֶען הָאט זִיךְ אַנִידֶער גִיזֶעצְט צוּם טִישׁ עֶסִין הָאט עֶר צוּ זִיךְ אַלֵיין גִיזָאגְט נַא עֶסְט רִבִּי ר׳ שְׁמֶעלְקָא:

בְּקִיצוּר עֶר הָאט אַלְס נָאר גִיזָאגְט כהאי לישנא אוּנ דָאס וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט הָאט עֶר גִיזָאגְט הוֹיךְ מִיט אַגְרוֹיס קוֹל אוּנ הָאט צוּ זִיךְ אַלֵיין צוּ גִיטֵיילְט כָּבוֹד דִיא אַלֶע מֶענְטְשִׁין וָואס זַיינֶען דָארְטִין גִיוָועֶן הָאבִּין זִיךְ פַארְוואוּנְדֶערְט עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גִיוַואגְט צוּא פְרֶעגִין דֶעם רִבִּי פַאר וָואס עֶר זָאגְט אַזוֹ נָאר אֵיין לַמְדָן אַגְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר אִיז גִיוֶועֶן עֶר הָאט אִיהְ גִיפְרֶעגְט וָואס אִיז דָאס רִבִּי דִיא זַאכִין אִיז בַּיי דֶעם פָאלְק זַייעֶר אַגְרוֹיסֶע תְּמִיָה עֶס וַוייזְט אוֹיס בַּיי דֶעם פָאלְק אַז דֶר רִבִּי אִיז אַרוֹיף נָאךְ כָּבוֹד׳ הָאט דֶער רִבִּי גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט יהי כבוד חבירך חביב עליך כשלך: אִיז דֶער פְּשַׁט אַזוֹי עֶס זָאל בַּייא דִיר גְלַייךְ זַיין דֶער כָּבוֹד וָואס דַיינֶע חֲבֵרִים טֵיילִין דִיר צוּ גְלַייךְ וִויא דֶר כָּבוֹד וָואס דוּא טֵיילְסְט דִיר אַלֵיין צוּ׳ אִיז דָאס עֶפֶּעס שַׁיין אַז אִיךְ זָאג צוּא מִיר רִבִּי ר׳ שְׁמֶעלְקָא אַזוֹ זָאל גְלַייךְ זַיין בַּיי דִיר דֶער כָּבוֹד פוּן דִי מֶענְטְשִׁין׳ וִויא עֶר הָאט אִים אַזוֹי גִיעֶנְטְפֶערְט הָאבִּין אַלֶע מֶענְטְשִׁין גִיזֶעהֶן אַז עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער צַדִיק אוּנ מֶען אִיז צוּא אִים גִיפָארִין פוּן פִיר זַייטִין פוּן דֶער וֶועלְט:

פוּן דִי מַעֲשֶׂה קֶענְט אִיר זֶעהֶן אַז מֶען דַארְף גָאר אַנְטְלוֹיפִין פוּן כָּבוֹד אוּנ זִיךְ אָפּ הִיטִין פוּן גַאֲוָה אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער מַעֲשֶׂה וִויא אַזוֹ דֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק הָאט גִיזוּכְט מַחֲשָׁבוֹת אָפּ צוּ הִיטִין זִיךְ פוּן כָּבוֹד וּבִזְכוּת הַצַדִיקִים וְהַחֲסִידִים זָאלִין מִיר זוֹכֶה זַיין צוּ גֵיין אִין טְמֶע וֶועגִין מִיר זָאלִין קֶענֶען השי״ת דִינֶען בְּלֵב שָׁלֵם אָמֵן וְכֵן יְהִי רָצוֹן: